Bel, G.
Herkules: fars in 1 akt.
Varshe, 1919.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1871.8

**Bel, G.**
Herkules : fars in 1 akt /Yudish durkh Z. Zylbertsvayg.
Varshe: A. Gitlin, 1919.
27, p. 20 cm.

1. Yiddish drama.
I. Zylbercwaig, Zalmen, 1894-1972. II. Poland-Warsaw

ID: NXYH01-B12987 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106042

Reduction ratio X 10.0

ג. בעל.

# הערקולעס

פארס אין 1 אקט.

יודיש דורך ז. זילבערצווייג.



פערלאג
א. גיטלין.
ווארשע.

תר״ף
1919.

ג. בעל.

# הערקולעס

פארס אין 1 אקט.

יודיש דורך ז. זילבערצווייג.

פערלאג
א. ניטלין,
ווארשע.

תר"ט
1919.

# פּערזאָנען:

זאַהלמאַן — אַ דירעקטאָר פֿון שולעס.

געניאַ — זיין טאָכטער.

שלומיאל — אַ לערער.

גראַנדאָווסקי — אַ דירעקטאָר פֿון אַ צירק.

הער[illegible]עס.

באָריס } דינער אין האָטעל.
סאָניע }

די האַנדלונג קומט־פֿאָר אין אַ האָטעל פֿון אַ פּראָווינץ־שטאָט, מיטעל־טיר, רעכטס און לינקס זייטענטירען.

## ערשטער אויפֿטריט.

### באָריס, סאָניע.

**באָריס** (פוצט אָב אַ מלבוש).

**סאָניע** (אָבשאָקלענדיג דאָס טישטוך): האָסט אַריינגעגעבען נייע באַרדינען אין נומער פיער?

**באָריס** (ברומט): הם!

**סאָניע**: גיב אַכטונג, מ'זאָל די אַלטע געהמען צו וואַשען.

**באָריס** (ווי אויבען): הם!

**סאָניע**: וואָס איך מוז אַלץ געדענקען. האָסט נישט פֿאַרגעסען איינצוטון לדען די נייע אָנגעקומענע געסט?

**באָריס** (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין).

**סאָניע**: האָסט דאָך עפּעס היינט פֿערלוירען ס'לשון!

**באָריס**: הם!

**סאָניע**: ביזט קראַנק?

**באָריס** (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ).

**סאָניע**: דו קאָנסט נישט ריידען?

**באָריס** (נישט ענטפערנדיג איהר, הויבט אָן צו פייפען און פוצט האַסטיג דאָס מלבוש).

**סאָניע**: עפּעס אַ נייע משוגעת דיר איינגעפֿאַלען!

**באָריס** (ווי אויבען).

**סאָניע** (געהט צו איהם צו): הער אויף מיט אַזעלכע שטיק

**באָריס** (געהט איבער אויף דער אַנדערער זייט, פייפט און פוצט ווייטער).

**סאָניע**: איך זאָג דיר איצט צום לעצטען מאָל; האַלט דיך ווי אַ אָרנטליכער מענש, אָדער...

**באָריס**: איך רייד דאָך גאָרנישט. זעהסט נאָר, זי האָט דאָך נאָך גאָר טענות צו מיר. זי—צו מיר, דאָס איז שען!

**סאָניע**: וואָס איז? דו האָסט אפשר טענות צו מיר?

**באָריס**: יאָ, אַז דו ווילסט וויסען.

**סאָניע**: כ'ליעבען.

**באָריס**: דו ווייסט גאַנץ גוט, וואָס איך מיין!— מאַך זיך נאָר נישט אַזוי אונשולדיג.

סאָניע: פאָלג מיך. הער זיך בעסער אויף צו מאַכען נאַריש.

באָריס: נאַריש אַהין, נאַריש אַהער. דאָס וואָס כ'זעה—זעה איך דאָך!

סאָניע: נו, וואָס זעהסטו?

באָריס: איך זעה ווי פריילין סאָניע פאַרברענגט מיט אַלע, פונקט ווי איך וואָלט גאָרנישט געווען אויף דער וועלט.

סאָניע: אַ דינסטמיידעל אין אַ האָטעל מוז זיין פריינדליך צו אַלע געסט און נישט צופיעל זיך בלאָזען.

באָריס: צווישען בלאָזען זיך און זיין פריינדליך איז נאָך פאַרהאַן אַ גרויסער אונטערשייד.

סאָניע: ווי דו ווילסט.

באָריס: נו, ווען נישט ווערען פון אונז ביידען, איז אויך גוט, בין איך אויך נישט אומגליקליך. איך דאַרף נאָר בלויז אַרויסשטעלען די הענד, בלייבט אויף יעדער פינגער קלעבען איינע.

סאָניע: מיט'ן שענסטען פערגניגען.

באָריס: אָט אַ שטייגער מאָניע, זי נעמט מיך באַלד. זי איז אַגוטע בעל-הבית'טע און איז...

סאָניע (שפּאָטיש): אין פינף און דרייסיגסטען יאָהר.

באָריס: איז נישט. אָבער מינע, זי קאָן מען דאָך אויך נישט אוועקמאַכען, זי...

סאָניע: שיקעלס, אַז ס'איז א מהיה צו קוקען.

באָריס (בעליידיגט): אָבער בלויז אויף איין אויג.

סאָניע: נו, רעכען ווייטער, איך בין גאָרנישט אייפערזיכטיג. ווען ער זאָל נאָר קומען דער הערר פון יענעם צימער, וואָלט איך שוין וויסען וואָס כ'האָב צו טהון.

באָריס: דו מיינסט, אַז דאָס פאַרדריסט מיך? נו, אַזאַ נאַר בין איך נישט...

סאָניע: וואָס קאָן ער זיין?

באָריס (איראָניש): אודאי אַ גראַף אָדער אַ באַראָן!

סאָניע: אַלענפאַלס, עפּעס מעהר ווי דו. שאַ, אָט געהט ער

גראַנדאָווסקי (אַ מאַן אין די פירציגער, תאָנכעס און באַקענבערד, אַ דיפּלאָמאַט! אין דער האַנד, הויכע שטיוועל, רעדט שטענדיג קורץ און בעפעהלעריש, הייזעריגער אָרגאַן, קומט פון רעכטס).



## צווייטער אויפטריט.

די פאָריגע, גראַנדאָווסקי.

גראַנדאָווסקי: וואו איז מיין ראָק? איך וויל נישט וואַרטען ביז איבערמאָרגען. גיט איהם אַהער!

באָריס (גיט איהם דעם ראָק און העלפט איהם אָנטהון): איך האָב נאָר וואָס געוואָלט אַריינטראָגען צו אייך.

גראַנדאָווסקי: נאָר נישט געשלאָפען. אָט דאָס איז ביי מיין געשעפט דער עיקר. נעכטען בין איך אַהערגעקומען פון ליבאַווע, היינט וועל איך מיך דא ערלעדיגען און מאָרגען מוז איך צוריק זיין אין ליבאַווע. עפּעס אַ גוט אָרט די דאָזיגע שטאָדט?

סאָניע (אַפּאַרט): אַהאַ, אודאי אַ קאָמיוואיאזשער. (הויך) יאָ, זעהר אַ גוט אָרט.

באָריס: נישט קיין שלעכט אָרט.

גראַנדאָווסקי: א רייכע אומגעגענד, האַ?

סאָניע: זעהר אַ רייכע.

באָריס (אַפּאַרט): ער וויל זיך דאָ קענטיג בעזעצען (הויך): נישט איבעריג רייך.

גראַנדאָווסקי: איך וויל נאָך היינט ריידען מיט'ן בירגערמייסטער.

באָריס: מיט איהם וועט איהר האָבען אַ שווערע אַרבייט. ער איז אַ שלעכט מענשעל.

גראַנדאָווסקי: אַזוי? — איך האָף, אַז פאַר אַזאַ פערזענליכקייט ווי איך בין, וועט ער מאַכען אַן אויסנאַהמע.

סאָניע: דער בירגערמייסטער איז זעהר אַ פריינדליכער מענש. יעדערער קאָן ביי איהם פועל'ן וואָס ער וויל.

גראַנדאָווסקי: ער זאָגט דאָך אָבער...

סאָניע: ער ווייסט גאָרנישט!

באָריס: איך ווייס פונקט אַזוי ווי דו.

סאָניע: ס'הויבט זיך נישט אָן.

באָריס: איך ווייס בעסער ווי דו.

סאָניע: דו הויבסט נישט אָן צו וויסען. (הינטער דער פּיהנע קלינגט) גיב בעסער אַכטונג אויף די געסט. נומער 2 האָט געקלונגען.

באָריס (אבגעהענדיג, שטיל צו סאָניע'ן): וואַרט, איך וועל דיר נאָך ווייזען (אב).

## דריטער אויפטריט.

### סאָניע, גראַנדאָווסקי.

גראַנדאָווסקי: אַ מערקווירדיגער יונג!

סאָניע: ער האָט שוין אַזאַ נאַטור, שטענדיג זיך מיט מיר צו קריגען.

גראַנדאָווסקי: ער איז אַוודאי אַ ביסעל אייפערזיכטיג, האַ?

סאָניע (פערשעהמט): נו, טיילמאָל...

גראַנדאָווסקי: איהר דאַרפט אויף איהם נישט האָבען פאַראיבעל! (בעטראַכט גוט סאָניע'ן) אַ טיכטיג וואויל קינד! ווי אַלט?

סאָניע: אין 2 חדשים ארום ווערט באָריס...

גראַנדאָווסקי (איבעררייסענד): וואָס פאַר אַ באָריס? ווער פרעגט אויף באָריס'ען? איך פרעג, ווי אַלט איהר זענט, קליינע.

סאָניע: אין צוואַנציגסטען.

גראַנדאָווסקי: נאָך גאַנץ יונג, נאָר פאַר מיין געשמאַק שיינט איהר שוין ניט. הייבט נאָר אויף דעם אָרעם אין דער הויך...

סאָניע (הויבט-אויף אַ אָרעם): אַזוי?

גראַנדאָווסקי (פּרובט דעם אָרעם): גוט, זעהר גוט. נאָר צו שפעט! — אַ שאָד, וואָלט אפשר געקאָנט זיין אַ ליים.

סאָניע (אַפּאַרט): וואָס רעדט ער?

גראַנדאָווסקי: ווען קומט דער ווילנער צוג?

סאָניע: ער קען אָנקומען יעדע מינוט.

גראַנדאָווסקי: איך ערוואַרט איינעם, וועלכען איך האָב דאָ אָהערבעשטעלט לויט אַ בריעף. אַ נייער מיטגליד, אַ אויסגעצייכענליך געשיקטער מענש! כ'בין נייגיריג, צי ער וועט זיין פּינקט-



ליך. אויב סיוועט ווער פרעגען צו מיר. זאָלט איהר איהם גלייך צושיקען צו מיר.

סאָניע: איך ווייס אָבער נישט, ווי דער הערר הייסט?

גראַנדאָווסקי: ווער? איך? (אַפּאַרט) כאַ-כאַ-כאַ... די קליינע קען מיך נישט, זי האָט נאָך נישט געזעהן מיינע קונסט-שטיק, נאָך נישט געזעהן מיך שטעהן אויפ'ן קאָפּ. אָבער ס'שאַדט נישט. לאָמיך זיך נאָר ערלעדיגען מיט'ן בירגערמייסטער, וועל איך איהר נאָך ווייזען. (הויך) דער הערר, וועלכען איך ערוואַרט. וועט זיך פרעגען אויפ'ן דירעקטאָר פון ליבאַווא, און דער הערר דירעקטאָר! — דאָס בין איך. אַלזאָ, תיכף שיקען צו מיר, פערשטאַנען?

סאָניע: יאָ.

גראַנדאָווסקי (הויבט איהר אויף ביידע אָרעמס אין דער הויך): אַ שאָד! אַ שאָד! אַ שענע פיגור, גראַציעז, פעסט געבויט! נאָר צו שפעט!

באָריס (קומט אריין דורך דער טיר).

## פירטער אויפטריט.

### די פאָריגע, באָריס.

באָריס (אַפּאַרט): שוין ווידער.

גראַנדאָווסקי: ווען איך פּאַק אַזאַ שטיקעל סחורה פריהער! אַ בריליאַנט!

באָריס (אַפּאַרט): ווי ער האַלט איהר די הענד.

גראַנדאָווסקי: דער יונג איז אויך גוט! (צו באָריס'ען) ברוסט אַרויס!

באָריס: צו וואָס?

גראַנדאָווסקי: ברוסט אַרויס! קאָפּ צוריק! (גיט באָריס'ן אַזאַ קלאַפּ מיט דער פויסט ביי דער ברוסט, אַז ער שפּרינגט צוריק) אַ זעלטענער ברוסט-קאַסטען, גוטע מוסקולען! וואָלט געווען אַ גוטער אינדיאַנער, געוויכט הייבער א. ד. ג. נאָר צו שפעט! קיינמאָל נישט געריטען אויף אַ פערד? קיינמאָל נישט געלערנט רייטען, האַ?

באָריס (פערוואונדערט): ניין. (אַפּאַרט) ער מוז זיין פון מיליטער.

גראנדאווסקי (צו סאניע'ן): אלזא, ניט פערגעסען, קליי-נע! — באלד ארייגשיקען צו מיר!

סאניע: גוט, גוט, דאס איז אין ארדנונג.

גראנדאווסקי: ברענגט מיר ארײן א פלעשעל רויט-וויין, נאר ניט קיין געפעלשטען.

סאניע: גוט, מיין הערר.

גראנדאווסקי (נעהמט אויף און אב אין פארערגרונד, אבארט): און דערנאך צום בירגערמייסטער; הײנטליך וועט ער מיר נישט מאכען קיין שוועריגקייטען און מיר געבען א ערלויבניש דא צו שפּילען. א, נארישקייטען, גאבריעל מיכיילאוויטש גראנדאוו-סקי, דירעקטאר פון א ערשט-קלאסיגען צירק, האט זיך ביז איצט אנ'עצה געגעבען. (אבגעהענדיג צו סאניע'ן) אלזא, ניט פערגעסען, באלד ארײנשיקען צו מיר! (אב רעכטס).

## פינפטער אויפטריט.

סאניע, באריס.

באריס: וואס זאלסטו ניט פערגעסען?

סאניע: דו מוזט דען אלץ וויסען?

באריס: איך בעט דיך, קריג זיך ניט מיט מיר.

סאניע: פון דיר איז נישט אויסצוהאלטען.

באריס: סאניע, איך וועל חתונה האבען מיט מאניע'ן!

סאניע: מזל טוב! (אב דורך דער מיט).

באריס (אליין): ווי קלוג זי איז פאר זיך. דער הערר געגענאיבער (הייזט אויף לינקס) איז א קאמישער מענש! וואס האט ער געוואלט מיט מיין ברוכט-קאכטען און מיט מיינע מוסקולען? איך הויב איהם ניט אן צו פערשטעהן. נא, עס קומען נייע געסט.

וואהלמאן, געניא (קומען פון דער מיט, ביידע טראגען צ קליינע רייזעטאשען).

## זעקסטער אויפטריט.

באריס, וואהלמאן, געניא.



וואהלמאן (א אלטער גרויז-גרויער מאן, א פערזאנטש): איז דא דער האטעל?

באריס: יא, הערר. (נעמט ביידע רייזעטאשען און טראגט זי ארײן אין צימער, רעכטס).

וואהלמאן (צו געניא'ן): ווי מיינסטו, געניא, איז דאס ניט געווען א אויסגעצייכענטער איינפאל פון מיר צו שרייבען דעם קאנדידאט, אז מיר זאלען זיך דא צוזאמענטרעפען? מיר וועלען איהם דא דערוויל קאנען גענוי בעקענען מיט אונזער אינסטיטוט, אזוי, אז ווען ער וועט פארבקומען, וועט ער שוין זיין אינגאנצען היימיש. דעם קאנדידאט שלומיאל האט מען מיר געשילדערט אלס א סאלידען מענש. איך הויף, אז איך וועל אין איהם האבען א גע-ווינשטע קראפט פאר אונזער ערציהונגס-אנשטאלט.

געניא: ווייסט, פאפא, איך רעכען, אז ער איז א בלאנדער.

וואהלמאן: איהר מיידלעך זענט א מאדנע פאלק! קוים רעדט מען נאר וועגען א יונגענמאן, כראכט איהר שוין: ווי זעהט ער אויס, צי ער איז בלאנד, צו ברונעט אדער גאר שאטין א. ז. וו.

געניא: דאס זענען אויך וויכטיגע זאכען, פאפא.

וואהלמאן: ווי אזוי ער זעהט אויס, ווייס איך אליין ניט. ער זאל נאר זיין צוגעפאסט צו אונזער אינסטיטוט.

באריס (קומט צוריק פון רעכטס): די צימערן זענען אין ארדנונג. ביטע...

וואהלמאן: איהר דארפט זיך צוליב אונז ניט מאכען קיין גרויסע אומשטענדען, ליבער פריינד, מיר בלייבען העכסטענס ביז מארגען אין דער פריה. יא, וואס האב איך געוואלט פרעגען, טייערע געניא?

געניא: איך ווייס ניט, פאפא!

וואהלמאן: יא, זאגט מיר נאר, טייערער, ווען קומט דער צוג פון ווילנא?

באריס: ער דארף יעדען אויגענבליק אנקומען.

וואהלמאן: גוט, אויסגעצייכענט! — העכסט וואהרשיינליך אדער, נאך מעהר, גאנץ בעשטימט קומט מיט'ן דאזיגען צוג א א יונגערמאן, וועלכער וועט דא אהערקומען און פרעגן אויף מיר.

דעם דאָזיגן יונגענמאַן זאָלט איהר אַזוי גוט זיין און תיכף אָנווייזען אויף מיין צימער. ווי מיינסטו, געניאַ, וועט ניט זיין צום בעסטען איהם תיכף אַריינצושיקען צו מיר?

געניאַ: גאַנץ געוויס, פּאַפּאַ.

באָריס: אויף וועמען וועט דער הערר פרעגען?

וואָהלמאַן (צו געניאַ'ן): ער וועט דאָך זיין זיכער, אַז איך ערוואַרט איהם און ער וועט געוויס פרעגען אויפ'ן דירעקטאָר, (צו באָריס'ן) אויפ'ן דירעקטאָר פון ליבאַווא. ווי רעכנסטו, געניאַ, ער וועט פרעגען אויפ'ן דירעקטאָר?

געניאַ: יאָ, פּאַפּאַ.

וואָהלמאַן: אַלזאָ, וועט איהר שוין וויסען וואָס צו טהון?

באָריס: יאָ, אַלץ וועט פּינקטליך בעזאָרגט ווערען.

וואָהלמאַן: קום, טייערע געניאַ! (ביידע אָב לינקס).

באָריס (נעהמט זיך נאָך מיטנעמענדיג האָהלמאַנ'ס הוט און שטעקען).

שלומיאל (קומט אַריין פון דער מיט, צוריקגעהאַלטען און אונבעהאָלפען).

## זיבעטער אויפטריט.

שלומיאל (אַליין).

שלומיאל: דאָ וועל איך זעהען צום ערשטען מאָל מיין צוקינפטיגען דירעקטאָר! איך ווייס ניט וואָס ס'טהוט זיך מיט מיר, אַזוי צומישט האָט מיך די צוקינפטיגע ערשטע בעגעגניש מיט'ן דירעקטאָר. ער זאָל ניט האָבען קיין צו שטרענגע און אַבשטויסענדע מאַניערען.

סאָניע (קומט מיט אַ פלאַש און אַ גלאָז דורך דער מיט).

## אַכטער אויפטריט.

שלומיאל, סאָניע.

שלומיאל: דאָס איז וואַהרשיינליך אַ דינסטמיידעל פון האָטעל.



סאָניע (אַפּאַרט): ווער איז דאָס ווידער?

שלומיאל: קאָנט איהר מיר ניט זאָגען ק'... מיין פריינד, אויב איך קאָן זיך דאָ זעהען מיט אַ הערר, וועלכען איך ערוואַרט, ד. ה. וואָס האָט מיך דאָ בעשטעלט, איך מיין...

סאָניע: אַהאַ, איהר מיינט געוויס דעם ה' דירעקטאָר פון ליבאַווא?

שלומיאל: יאָ, אויף איהם האָב איך טאַקע געוואָלט פרעגען, ער איז אַלזאָ שוין דאָ?

סאָניע: יאָ, ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז דער הערר, וואָס וועט קומען מיט'ן ווילנער צוג און אויף איהם פרעגען, זאָל תיכף אַריינגעפיהרט ווערען צו איהם.

שלומיאל: יאָ, איך וואָלט זיך אָבער נאָך געוואָלט אַביסעל אין אָרדנונג מאַכען...

סאָניע: לאָזט דאָס איצט אָב, מיר דאַכט זיך, אַז ער איילט זיך איצט זעהר...

שלומיאל: איך וואָלט אָבער געוואָלט...

סאָניע: איהר ווילט איצט גאָרניט, געהט בעסער אַריין אין קאָרידאָר און רייניגט זיך אַביסעל אָב און איך וועל אייך דערווייל מעלדען.

שלומיאל: גוט (אָב רעכטס).

סאָניע: אַ מאָדנע בריאה. (אָב).

גראַנדאָווסקי (הינטער דער ביהנע): ביטע, ביטע!

באָריס (קומט פון לינקס).

## נייננטער אויפטריט.

באָריס (אַליין).

באָריס: אַזוי, די זענען שוין אין אָרדנונג. זיי ערוואַרטען נאָך איינעם, איך וועל אַלזאָ האָבען פון נומער 4—10, פון נומער 7—5, פון זיי —10 און פון... (רעכענט ווייטער אין דער שטיל).

הערקולעס (קומט דורך דער מיט—אַ אויפפאַלענדער קאָסטום: געהיקעלטע שיך, רויטע האַלזטוך, גרויסער פילץ-הוט א. ז. וו. אונטער'ן אָרעם אַ פּעקעל איינגעוויקעלט אין אַ טוך).

## צעהנטער אויפטריט.

**באָריס, הערקולעס.**

**באָריס:** האָבען מיר 10, און נאָך אמאָל 10, און נאָך—

**הערקולעס:** הע, יונגערמאַן!

**באָריס** (קוקט זיך אום): איהר ווילט?

**הערקולעס:** וואָס איז דאָס דאָ פאַר א האָטעל? אין ערגעץ זעהט מען ניט קיין דינער! דאָס בין איך ניט געוועהנט!

**באָריס:** זאָל איך נעמען אייער געפעק?

**הערקולעס:** דאָס שלעפ איך ניט מיט זיך, עס קומט נאָך שפּעטער מיט דער באַהן. אזא אַרטיסט ווי איך פערנעמט זיך ניט מיט אזעלכע זאַכען. א קינסטלער טאָר ניט האָבען קיין פעקלעך. איך בין אַזוי געוועהנט.

**באָריס:** מיט וואָס קאָן איך אייך אַלזאָ דינען?

**הערקולעס:** דער הערר, וואָס דאַרף זיין, גליקליך, וואָס ער האָט מיך בעקומען פאַר זיין אונטערנעמונג, מיין נייער דירעקטאָר, האָט בעשטימט, אַז מיר זאָלען זיך דאָ צונויפקומען. האָפענטליך, וועט ער מיך ניט בעמיהען אומזיסט. איך בין דערצו ניט געוועהנט.

**באָריס** (פאַר זיך): אַהאַ, דאָס איז דער, פון וועלכען דער אַלטער פרעמדער הערר האָט מיר געזאָגט. (הויך) יאָ, דער ה' דירעקטאָר פון ליבאַווא איז דאָ; ער איז ערשט ניט לאַנג געקומען און האָט באַלד געפרעגט אויף אייך.

**הערקולעס:** אַזוי בין איך טאַקע געוועהנט! פיהרט מיך שוין אַריין צו איהם.

**באָריס:** אויב איהר ווילט זיך בעמיהען אָט דאָ אין דער טיר, (ווייזט איהם אויף רעכטס) אָט דאָרט וואוינט ער...

**הערקולעס:** גוט.

**באָריס:** אויסערדעם ווילט איהר גאָרניט?

**הערקולעס:** ניין.

**באָריס** (רעכענט ווייטער): און נאָך אמאָל פינף, האָבען מיר 15, איצט נאָך 10, א. א. וו. צוזאמען... (געהט אָב דורך דער מיט, צוקריגענדיג אויף די פינגער).



## עלפטער אויפטריט.

**הערקולעס, דערנאָך וואָהלמאַן און גענייאַ פון לינקס.**

**הערקולעס** (מאַכט זיך גלייך דעם קראַוואַט): איך מוז ערשיינען אַ פעסטער פאַר מיין נייעם שעף. דאָס רופט אַרויס דרך־ארץ. (געהט צו צו דער טיר לינקס, וויל קלאַפּען, אין דעם מאָמענט קומען אַרויס וואָהלמאַן און גענייאַ).

**וואָהלמאַן** (האַלט אין מיטען ריידען): מיינסט ניט, טייערע גענייאַ, אַז איך זאָל נאָך אַמאָל נאָכפרעגען, צי אונזער גאַסט איז שוין געקומען?

**הערקולעס** (הויך): בעמיהט זיך ניט, ער שטעהט פאַר אייך.

**וואָהלמאַן** (קוקט זיך אום, ערשטוינט): וואָס, איהר זייט...

**הערקולעס:** יאָ, איך בין דער, וועלכען איהר ערוואַרט.

**וואָהלמאַן:** זייט מיר הערצליך ווילקאָממען! איהר האָט אַלזאָ בעקומען מיין בריף?

**הערקולעס:** בעקומען און געאיילט זיך דאָ אַהערצוקומען, כדי צוזאַמען מיט אייך ווייטער צו פאָהרען און ווייזען די ליבאַווער ווער איך בין.

**וואָהלמאַן:** איך האָף, אַז איהר וועט מיר געפעלען.

**הערקולעס** (מאַכט פון צייט צו צייט אין פערלויף פון גאַנץ שפּרעך אַטלעטישע פאָזען אויף אַ לייכטען אופן): פאַרוואָס ניט? דאָרט וואו איך בעקום גוט געצאָהלט, אַרבייט איך גוט. יאָ, וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגען, גאַרדעראָבע גיט איהר דאָך, ניט אמת?

**וואָהלמאַן** (פערוואונדערט): ביז איצט פלעג איך עס ניט טהון, נאָר אויב איהר פערלאַנגט עס דורכאויס, וועל איך מיך ניט שטעלען וועגען אַפּאָר הויזען און אַ וועסטעל.

**הערקולעס:** איך בין אַזוי געוועהנט; אומעטום, וואו איך בין געווען, אין בריסעל, קאָפּענהאַגען, שניפּישאָק א. ז. וו. האָב איך געאַרבייט אויף אַ זעלכע בעדינגונגען.

**וואָהלמאַן:** איהר זענט אין אויסלאַנד אויך געווען טאַקע? אין וועלכען פאַך, אויב ס'איז ערלויבט צו פרעגען?

**הערקולעס:** אין וועלכען פאך, פרעגט איהר? עקזיסטירט דען פאר מיר איין פאך? — פייער, לופט און ערד בעהערש איך מיט דער זעלבער זיכערהייט.

**וואהלמאן** (שטיל צו גניא'ן): ער ווייזט אויס זיך האבען מעהר אבגעגעבען מיט נאטור־וויסענשאפט.

**הערקולעס:** אבער לאמיר זיך זעצען, דירעקטאר! — איך בין נישט געוועהנט צו שטעהן. (ווארפט זיך נאכלעסיג אויף א שטול)

**וואהלמאן** (רוקט זיך צו מיט א שטול): גראד אין אונזער פראפעסיע איז דאס שטענדיגע זיצען א זעהר אונבעקוועמע זאך.

**הערקולעס:** געוויס, די גלידער מוזען שטענדיג געהאלטען ווערען אין געוויסער עלאסטיציטעט.

**וואהלמאן:** איך בין זעהר נייגעריג קענען צו לערנען אייער מעטאדע.

**הערקולעס:** גלויבט מיר, אז זי איז גוט. — איך בין זיכער מיט מיין ערפאלג. אין קרעמענטשוג האב איך איין טאג בעקומען 9 קרענץ און ביי מיין אוועקפאהרען האט די ארטיגען צייטונג מיר געווידמעט א ליד, אין וועלכען מ'רופט מיך דער אונפערגלייכליכער — איהר קענט עס אין ליבאווע אויסשטעלען אויפ'ן אפיש.

**וואהלמאן** (ערשטוינט): אין מיין אינסטיטוט זענען ניט פארהאן קיין אפישען.

**הערקולעס:** שאדט ניט, וועט איהר עס לאזען אויסקלינגען.

**וואהלמאן** (פערוואונדערט, שטיל צו גניא'ן): דו ביזט דערפאר, אז מיר זאלען לאזען אויסקלינגען?

**גניא** (ערשטוינט): וואס רעדסטו, פאפא?

**וואהלמאן:** יא, איך האב גאר פערגעסען, איך האב דיך אייך נאך ניט פארגעשטעלט מיין טאכטער. קום אהער, קינד מיינ'ס — דאס איז מיין טאכטער גניא! —

**הערקולעס** (ניט אויפשטעהענד): זעהר אנגענעהם, פרייליין. (צו וואהלמאנ'ען) א שען מיידעל. א געשיקטע ארבייטערין?

**וואהלמאן** (פערוואונדערט): איהר מיינט?

**הערקולעס:** א רייטערין?

**וואהלמאן** (ווי פריהער): ניין, לחלוטין ניט.



**הערקולעס:** אהא! — זי איז וואהרשיינליך א מייסטערין אויפ'ן דראט. (הייבט אן מיט דער האנד אויף אריבען).

**וואהלמאן** (שטיל צו גניא'ן): דו פערשטעהסט, וואס ער מיינט?

**גניא** (אויך אזוי): ניין, פאפא!

**הערקולעס:** איך בין אייגענטליך אויסער מיין פאך א בריטא־טענצער. איך וועל מיט אייער טאכטער איינשטודירען א כאראקטער־טאנץ, מיין אייגענע קאמפאזיציע. דריי־אכטעל־טאקט.

**וואהלמאן** (נאך מעהר פערוואונדערט): איהר זענט זעהר פריינדליך!

**הערקולעס:** דערנאך וועלען מיר איינשטודירען אייניגע פאנטאזיע־טענץ.

**וואהלמאן:** אויב ס'פערשאפט אייך פערגניגען, (אויפשטעהענד) ווילט איהר זיך ניט מאכען בעקוועם, איהר געהט דאך נאך אלץ אין מאנטעל און שאל? ביטע, קומט א ווייל אריין אין אונזער צימער און טוהט עס אייך אויס.

**הערקולעס** (אויפשטעהענד): גוט, און נאכדעם זעצען מיר זיך עסען, ווארום איך בין שטארק הונגעריג.

**וואהלמאן** (ביים אבגעהן, שטיל צו גניא'ן): אזוי האב איך איהם מיר ניט פארגעשטעלט.

**גניא** (אויך אזוי): איך אויך ניט.

**וואהלמאן** (שאקעלט מיט'ן קאפ): דריי־אכטעל־טאקט! הם, הם! (אלע דריי אב רינקס).

**באריס און סאניא** (קומט דורך דער טיר).

## צוועלפטער אויפטריט.

סאניע, באריס.

**סאניע:** וועסט נאך זיין אמאל איפערזיכטיג?

**באריס:** ניין, סאניע. מעהר. זאג איך דיר צו, וועט אזעלכעס ניט פאסירען.

**סאניע:** איצט ווייס איך שוין, ווער ער איז.

באָריס: ווער?

סאָניע: נו, אונזער גאַסט, צ' וועלכען ס'איז געקומען איי־בער מיט'ן ווילנער צוג.

באָריס: אַהאַ, דער דירעקטאָר פון ליבאַווע.

סאָניע: אָבער דו ווייסט וואָס פאַר אַ דירעקטאָר ער איז?

באָריס: ניין, דאָס ווייס איך ניט.

סאָניע: טאָ הער, ער האָט דאָך פריהער געזאָגט, אַז ס'וועט דאָ איינער קומען צו איהם.

באָריס: יאָ, ער האָט מיר אפילו אָנגעזאָגט, אַז ווען יענער וועט קומען, זאָל איך איהם גלייך אַריינשיקען צו איהם.

סאָניע: דאָס האָט ער גאָר מיר געזאָגט.

באָריס: ניין, מיר!

סאָניע: אפנים, אַז ער האָט עס געזאָגט אונז ביידען, דער יונגערמאַן איז אַלזאָ געקומען און מיך געפרעגט...

באָריס: ניין, מיך!

סאָניע: מיך האָט ער געפרעגט.

באָריס: דו מוזט שטענדיג זיין גערעכט! מיך האָט ער געפרעגט און איך האָב איהם אָנגעוויזען.

סאָניע: און איך האָב איהם אַריינגעפיהרט צום דירעקטאָר אין צימער אַריין. ער האָט געוואַרט אַ ווייל אין קאָרידאָר, איך האָב אָנגעקלונגען, אַריינגעגאַנגען און וואָס האָב איך געזעהן? דער דירעקטאָר שטעהט אין מיטען דער שטוב אויפ'ן קאָפּ, ניט אויף די פיס. איך האָב אַ געשריי געטהון פאַר שרעק; ער האָט זיך אָבער צולאַכט און געזאָגט: „אַז איך וועל מיט מיין צירק געבען דאָ פאָר־שטעלונגען, וועט איהר ערשט זעהען וואָס מיר קאָנען".

באָריס: איז דאָס מעגלין? ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז אַזאַ אַלטער מאַן האָט נאָך אין זין אַזעלכע נאַרישקייטען. ווי זיך שטעלען אויפ'ן קאָפּ.

סאָניע: דו רעדסט עפּעס היינט אויך פון וועג. אַזוי אַלט איז ער? ער איז דאָך אַ מענש אין די בעסטע יאָהרען.

באָריס: אַ שענע מעשה. אַ גרויער קאָפּ און אין די בע־סטע יאָהרען.



סאָניע: גרוי? ער האָט דאָך ניט איין גרויע האָר אין קאָפּ.

באָריס: נו, דאָס מאָל וועל איך מיר שוין ניט לאָזען איינריידען.

סאָניע: און איך מיר אויך ניט.

באָריס: מיט דיר מוז מען זיך שטענדיג אַרומקריגען.

סאָניע: מיר שטעהען דאָ אַזוי און קריגען זיך און האָ־בען אַלץ געלאָזט אויף הפקר. לאָמיר זיך בעסער געהן צו דער אַרבייט. קום, באָריס, וועסט מיר העלפען איבערפיהרען די בעטען אין נומער דריי.

באָריס (נאָכמאַכענדיג): אַזאַ אַלטער מאַן זאָל זיך שטע־לען אויפ'ן קאָפּ.

סאָניע: אַז איך זאָג דיר, אַז כ'האָב עס אַליין געזעהן (אָב דורך דער מיט).

באָריס (געהט איהר נאָך): דאָס איז אַ אוממעגליכע זאַך! (אָב).

דריטער אויפטריט.

גראַנדאָווסקי, שלומיאל.

גראַנדאָווסקי: ווי געזאָגט, פרעהט מיך זעהר, וואָס איהר זענט פינקטליך געקומען.

שלומיאל (זעהר פערלעגען): ה' דירעקטאָר, דאָס איז דאָך געווען מיין פליכט.

גראַנדאָווסקי: מאָרגען אין אָוונד קאָנט איהר שוין צום ערשטען מאָל אַרבייטען אין ליבאַווע.

שלומיאל: וואָס פריהער — אַלץ בעסער. דאָס ניט אַר־בייטען די לעצטע טעג האָט זיך מיר שוין שטאַרק צוגעגעסען.

גראַנדאָווסקי: האָט איהר די לעצטע צייט געהאַט פיעל אַרבייט?

שלומיאל: אָ, יאָ.

גראַנדאָווסקי: וויפיעל זענט איהר געוועזען צוזאַמען?

שלומיאל: זיבען מאַן.

גראנדאַוואָסקי: און דאַמען?

שלומיאל: וואָס?

גראַנדאָוואָסקי: וויפיעל פרויענצימער האָט איהר געהאַט?

שלומיאל (האַלט זיך דעם הוט פאַר'ן פּנים): אַ חוץ דעם דאָקטאָר זענען מיר אַלע געווען בחורים.

גראַנדאָוואָסקי: דאָס אַרט מיך ניט; איך וויל נאָר וויסען וויפיעל דאַמען ס'זענען ביי אייך געווען אנגאַזשירט.

שלומיאל (ערשטוינט): אין אונזער אינסטיטוט?—קיינער ניט!

גראַנדאָוואָסקי: כאַ... כאַ... אַשיינע אונטערנעהמונג. צחן דאַגע. איך האָב 9 דאַמען, אַלע יונג און שען, איינע בעסער פאַר דער אַנדערער.

שלומיאל (אַפּאַרט): ער האָט, ווייזט אויס, אַ קינדער-שולע.

גראַנדאָוואָסקי: און אייער ביז איצטיגע דירעקטאָרין פערנעמט זיך שוין גאָרניט מיט איהר פאַך?

שלומיאל: אויף וויפיל איך ווייס, איז זי שטענדיג געווען...

גראַנדאָוואָסקי: אַ גוטע שפּרינגערין. היינט שפּרינגט זי אויך נאָך?

שלומיאל (צומישט): דאָס האָב איך גאָרניט געוואוסט.

גראַנדאָוואָסקי: זי מוז זיין אַ גוטע גראַנספּאָמאַטאָרקע?

שלומיאל (ווי פריהער): איך ווייס ניט.

גראַנדאָוואָסקי: איך בין זעהר נייגיריג צו וויסען וואָס איהר קענט, מיין פריינד, און איך וואָלט טאַקע געוואָלט שוין איצט זעהן פון אייך איינינע פּראָבע-שטיק.

שלומיאל: איך האָב מיינע זאַכען אונטען אין קויפער, אַז ניט וואָלט איך גערן...

גראַנדאָוואָסקי: ניט וויכטיג! ביי אַזאַ געשיקטען מענש ווי איהר ווערט עס אַזוי אויך געהן! מאַכט נאָר קודם כל אַ עלעגאַנטען לופט-שפּרונג.

שלומיאל (ערשטוינט): וואָס?

גראַנדאָוואָסקי: איך וואָלט געוואָלט פון אייך זעהן אַ לופט-שפּרונג.



שלומיאל (אַפּאַרט): מיר דאַכט זיך, אַז ער וויל מיך אויפנעמען פאַר אַ טורן-לעהרער. ווי אַזוי דרעהט מען זיך דאָ אַרויס? (הויך) ענטשולדיגט מיר, איך בין אַזוי מיד פון דער רייזע.

גראַנדאָוואָסקי: איך פערשטעה ניט, פון וואו איהר נעמט די קראַפט, מיט וועלכע מ'ריהמט אייך אַזוי. איהר זעהט דאָך אַזוי שוואַך אויס, וויפיל אַ שטייגער הויבט איהר מיט די ציינער?

שלומיאל (אַהן לשון): דאָס ווייס איך נישט גענוי.

באָריס (קומט דורך דער טיר).

פירצעהנטער אויפטריט.

די פריגע, באָריס.

באָריס: איך קען נאָך אַלץ נישט פערשטעהן דאָס, וואָס סאָניע האָט מיר דערציילט. דער אַלטער זאָל זיך האָבען געשטעלט אויפ'ן קאָפּ? ער זעהט גאָרנישט אויס אויף אַ זעלכען. איך מוז אַריינקוקען דורכ'ן שליסעללאָך און זעהן, אפשר מאַכט ער נאָך אַמאָל אַ זעלכע קונץ-שטיק. (געהט צו צו דער טיר און קוקט אַריין דורכ'ן שליסעללאָך).

גראַנדאָוואָסקי (געהט צו צו באָריס'ן און גיט איהם אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע).

באָריס (דרעהט זיך שנעל אוים): וואָס באַפעהלט איהר?

גראַנדאָוואָסקי: גאָרנישט. איך וויל נאָר וויסען צי ביי אייך אין האָטעל איז אַזאַ מאָדע נאָכצוקוקען יעדעמס טירען?

באָריס: ניין, נאָר דאָ איז אַ באַזונדער פאַל.

גראַנדאָוואָסקי: וואָס איז דען?

באָריס (געהיימניספול און האַלב-הויך): איהר זעהט, אָט אין יענעם צימער וואוינט אַ אַלטער העור, וואָס איז היינט געקומען צופאָהרען, און וואָס קען, ווי סאָניאַ זאָגט, מאַכען די גרעסטע קונצען. ער איז אַ דירעקטאָר פון אַ צירק און שטעהט...

גראַנדאָוואָסקי (רייסט איהם איבער): וואָס איז ער?

באָריס: ער איז אַ דירעקטאָר פון אַ צירק און שטעהט...

גראַנדאָוואָסקי: ווייסט דו עס בעשטימט?

באָריס: ער האָט עס אַליין געזאָגט.

גראַנדאָווסקי: (פול מיט כּעס): דער טייוועל זאָל עס נעמען! דאָס איז אַ שענע מעשה. דער חברה־מאַן מוז שוין זיין פריהער געלאָפען פאַר מיר צום בירגערמייסטער.

באָריס: דאָס ווייס איך נישט.

גראַנדאָווסקי: דער טייוועל זאָל עס נעמען! אַזאַ אומגליק! אַזאַ צרה! איך וועל איהם די ביינער צוברעכען...

שלומיאל (געהט צו איהם נאָהנט צו): איהר זענט פּלוצלינג געוואָרען אַזוי אויפגערעגט...

גראַנדאָווסקי (בעמיהט זיך צו בעהערשען): גאָרניט, גאָרניט (אַפּאַרט) איהם דאַרף איך גאָרניט זאָגען, אַז ניט געהט ער אַריבער צום קאָנקורענט. (הויך צו באָריס'ן) ברענג מיר אַריין אַ פלאַש סאָדע־וואַסער, ברענג מיר עפּעס אַ בערוהיגונגס־מיטעל, אַז ניט וועט פאָרקומען אַ קאַטאַסטראָפע.

באָריס (אַפּאַרט): וויאַס דער ווידער וויל, ווייס איך גאָרניט.

גראַנדאָווסקי (בייז): איך וויל סאָדע־וואַסער!

באָריס: די מינוט! (אָב דורך דער מיט).

שלומיאל: ווילט איהר מיר ניט זאָגען...

גראַנדאָווסקי (מיט א געצוואונגענער בעוועגונג): איך לייד אויף אַזעלכע אָנפאַלען. (אַפּאַרט) איך טאָר איהם גאָרנישט זאָגען, אַ ניט וועט ער מיר באַלד אַריבערגעהן צו יענעם. (אָב).

שלומיאל (אַליין): וואָס וועט דאָ זיין דער סוף? טאָמער דערוויסט ער זיך אַז איך בין ניט קיין טורן־לעהרער, וועט ער זיכער ניט צונעמען. איך זעה, אַז ביי איהם איז דאָס טורנען די הויפּט־זאַך. (געהט נאָך גראַנדאָווסקי'ן).

וואָהלמאַן און הערקולעס (קומען אַריין פון לינקס).

## פינפצענטער אויפטריט.

### וואָהלמאַן, הערקולעס.

וואָהלמאַן: נאָך איין פראַגע, מיין טייערער? מיט וואָס פאַר אַ אופן און מעטאָדע רעכענט איהר צו בעקענען די יונגלעך מיט די ערשטע אָנפאַנגען?



הערקולעס: מיט די יונגלעך, וועלכע מ'ניט מיר איבערצואויסבילדען, מאַך איך קורץ און שאַרף. צוערשט ציה איך זיי אויס די פיס און די הענד...

וואָהלמאַן (צומומעלט): איהר ציהט זיי אויס — טייערע גאָניאַ, וואָס זאָגסטו? — אַך, מיין טאָכטער איז דאָך גאָרניט דאָ.

הערקולעס: איך ברעך זיי אויס די גלידער.

וואָהלמאַן: איהר ברעכט? — ענטשולדיגט, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז די מעטאָדע איז אַביסעל צו שטאַרק.

הערקולעס: פאַרקעהרט. איך בין אויך אויסגעבילדעט געוואָרען אויף דעם זעלבען אופן. איהר ניט?

וואָהלמאַן (ווישט זיך דעם שטערן): זאָל גאָט אָבהיטען! מיר האָט מען קיינמאָל גאָרניט אויסגעבראָכען!

באָריס (קומט אַריין אין דער מיט מיט אַ פלאַש סאָדע־וואַסער).

## זעכצענטער אויפטריט.

### די פאָריגע, באָריס.

באָריס (וויל געהן רעכטס, אויז זיך אָבער מישב און רוקט זיך צו צו וואָהלמאַנ'ען).

וואָהלמאַן: איהר ווילט עפּעס, מיין טייערער?

באָריס (ניט דרייסט): יאָ, איך האָב אַ בקשה צו אייך.

וואָהלמאַן: רעדט.

באָריס: זייט ניט אויף מיר בייז.

וואָהלמאַן: פאַרוואָס?

באָריס: אַזוי ווי סאַניע האָט עס מיר דערצעהלט און איך האָב נאָך אַזעלכעס קיינמאָל ניט געזעהען, וואָלט איך אייך געבעטען...

וואָהלמאַן: וואָס?

באָריס: זייט אַזוי גוט און...

וואָהלמאַן: זאָגט שוין, וואָס איהר ווילט!

באָריס: שטעלט אייך אויפ'ן קאָפּ.

וואָהלמאַן (פאַרגליווערט): וואָס?

באָריס: איך ווייס דאָך, אַז איהר קאָנט עס.

וואהלמאן (דערשראקען): מיר דאכט זיך, אז דער יונגער מאן איז עפעס ניט אין ארדנונג.

בארים: פארוואס מאכט איהר זיך אזוי ווי איהר וואלט ניט געקאנט!

וואהלמאן: ארויס פון דאנען!

בארים (אבגעהענדיג): וואס פאר א עגאאיסטען, די קינסט-לער זענען! (אב רעכטס).

## זיבענטער אויפטריט.

וואהלמאן, הערקולעס, באלד דערנאך גראנדאווסקי פון לינקס.

וואהלמאן: דער יונגערמאן מוז זיין משוגע געווארען.

הערקולעס: פארוואס ווילט איהר איהם טאקע ניט צו-ליב טהון? איך וואלט ביי דער דאזיגער געלעגענהייט אויך דער-ווייל געקאנט עפעס בעוואונדערן פון אייך.

וואהלמאן: וואס, איהר אויך? הער נאר, געניג—אך מיין טאכטער איז דאך גארניט דא!

גראנדאווסקי (קומט ארויס פון רעכטס, זעהר אויפגערעגט, מיט א פלאש בארד-וואסער אין דער האנד): וואו איז ער, דער וואס וויל ביי מיר צונעמען מיין ברויט?

וואהלמאן: איהר זוכט?

גראנדאווסקי: אייך זוך איך, מיין הערר, טאקע אייך!

וואהלמאן: אין וואס פאר א אנגעלעגענהייט?

גראנדאווסקי: מאכט זיך נאר ניט אזוי הבי'ווראטע. מ'קען אייך שוין.

וואהלמאן: איך פערשטעה ניט...

גראנדאווסקי: אייערע קאמבינאציעס וועלען זיך אייך ניט איינגעבען. איך לויף שוין ארויף צום בירגערמייסטער; מיר וועלען זעהן ווער ס'וועט זיגען.

וואהלמאן: אבער ערקלערט מיר...

גראנדאווסקי: איהר ווילט קיין ליבשאַווע אייך קענען



מיט אייער טרופע, איך ווייס אלץ. אבער זייט זיכער, אז דאס פובליקום וועט אייך אויספייפען.

וואהלמאן: מיין קאפ דרעהט מיר...

גראנדאווסקי: אהא, איצט הויבט איהר אן מורא צו האבען? דאס איז אבער נאך גארניט. איך וועל אייך דער'הרג'נען, סוויט וועל איך אייך מאכען.

וואהלמאן: איהר, ווייזט אויס, צו האבען א טעות.

גראנדאווסקי: טעות—שמעות! דערצעהלט ניט קיינעם קיין מעשות. צום גליק האט מען בעצייטענס אלץ ענטדעקט.

וואהלמאן: אבער ערלויבט מיר אפאר ווערטער אייך צו ערקלערען...

גראנדאווסקי: איך ווייס אלץ. איהר האט מיר פערכאפט. איהר האט געוואלט דאס אויסנוצען מיט אייערע קונצענמאכער.

וואהלמאן (שטאמלענד): קונצענמאכער!—איך שטארב

גראנדאווסקי: אפשר ווילט איהר אפלייקענען, אז איהר זענט א דירעקטאר פון א צירק, איהר, איהר...

וואהלמאן (דערשראקען): איך... גאט אין הימעל!

גראנדאווסקי: איך בין דאס זעלבע וואס איהר, איך בין אבער מעהר פאר אייך. דער נאמען פון מיין טרופע קלינגט פון באלטישען ים ביז צו די אלפען-בערג... איך וועל אייך דער-הרג'נען, אויף טויט, איהר קארזשעליק-מאכער!

וואהלמאן: איך וועל עס ניט איבערהאלטען!

הערקולעס (צו וואהלמאנ'ען): אבער, ליבער ה' די-רעקטאר, איך פערשטעה אייגענטליך ניט, פארוואס איהר לייקענט עס אב? איהר שרעקט זיך דאך ניט פאר דער קאנקורענץ פון דא-זיגען הערר? (צו גראנדאווסקי'ן אנווייזענדיג אויף וואהלמאנ'ען) יא, מיין הערר, דער דאזיגער חשוב'ער גאסט איז א דירעקטאר פון א צירק!

וואהלמאן (פאלט אנידער אויף א שטול): ער אויך! גאט העלף מיר!

גראנדאווסקי: זעהט איהר, אז איך האב אייך דערקאנט?

שלומיאל (קומט פון רעכטס).

גענ יאַ (קומט פֿון לינקס).
באָריס און סאָניע (קומען דורך דער מיט).

## אַכצענטער אויפֿטריט.

די פֿאָריגע, שלומיאל, געניאַ, באָריס, סאָניע.

גראַנדאָווסקי (רעדט הייטער): איהר וועט ביי מיר בלייבען אָהן אַ ראָק, איך וועל אייך מאַכען מאַט!... מיין טרופּע און אייער טרופּע, כאַ-כאַ-כאַ... איהר זעהט, (ווייזט אויף שלומיאל'ן) דאָס איז אַ נייער מיטגליד, וואָס איז היינט צוגעקומען צו מיין טרופּע. אַ עכטער קינסטלער, דער ערשטער גימנאַסטיקער און הערקולעס אין דער וועלט! (שלעפּט אַרויס שלומיאל'ן אין פֿאָדערגרונד).

הערקולעס (געהט אַרוים און בעטראַכט שלומיאל'ן): אָט דאָס דאָזיגע בעשעפּעניש און הערקולעס!... ווי אַזוי ערלויבט איהר זיך צו רופֿען מיט אַ נאָמען, וואָס געהער נאָר מיר אַליין. איך בין דאָך דער ערשטער גימנאַסטיקער און הערקולעס אין איירָפּאַ.

גראַנדאָווסקי (צו שלומיאל'ן): איהר לאָזט זיך אַזוי זידלען? גיט איהם עפּעס אַ דערלאַנג, מאַכט אייער בעריהמטען לופֿט-שפּרונג.

שלומיאל (ציטערט): ענטשולדיגט...

גראַנדאָווסקי: אָדער איהר מאַכט דעם לופֿט-שפּרונג, אָדער איך זאָג אייך אָב פֿון פּאָסטען...

שלומיאל (שטאַמעלט): ערלויבט...

הערקולעס: ער האָט דאָך פֿערלוירען דאָס לשון! (טריאומפֿירענד צו וואָהלמאַנ'ען) דירעקטאָר, מיר זיגען!

גראַנדאָווסקי (שלעפּט אַרוים שלומיאל'ן): איהר ווילט מיך רואינירען...

שלומיאל (בעט זיך): פֿערלאַנגט פֿון מיר וואָס איהר ווילט, נאָר גיט ניט קיין לעהרער צו מאַכען לופֿט-שפּרונגען.

גראַנדאָווסקי: אַ לעהרער?

שלומיאל: יאָ, יאָ!

גראַנדאָווסקי: דאָ איז דאָך אַ טעות...



שלומיאל: זענט איהר דען ניט דער שול-דירעקטאָר וואָהלמאַן?

וואָהלמאַן (כאַפּט צושמעלט): דאָס בין איך, ניט אמת, געניאַ, קינד מיינס?

געניאַ: נאַטירליך, פּאַפּאַ.

הערקולעס: וואָס? איהר זענט ניט דער צירק-דירעקטאָר גראַנדאָווסקי?

גראַנדאָווסקי: דאָס בין איך.

הערקולעס (צו גראַנדאָווסקי'ן): בין איך דאָך אייערער...

שלומיאל (צו וואָהלמאַנ'ען): און איך אייערער...

גראַנדאָווסקי: אונזערע מיטגלידער זענען געווען פֿערטוישט. (צו באָריס'ן) ער איז אין אַלעם שולדיג! ווי אַזוי האָט איהר מיר געקאָנט זאָגען, אַז דער הערר איז אַ דירעקטאָר פֿון אַ צירק און צוליב דעם מיינער אַ קאָלעגע...

באָריס: סאָניע האָט...

סאָניע: גאָר, איך האָב דאָך געמיינט (ווייזט אָן אויף גראַנדאָווסקי'ן) דעם הערר.

וואָהלמאַן: גאָט זיי דאַנק, אַז דער טעות האָט זיך אויפֿגעקלערט.

גראַנדאָווסקי (דריקט וואָהלמאַנ'ען די האַנד): איך בין אייך מוחל.

הערקולעס (צו שלומיאל'ן): איך בין אייך מוחל.

באָריס (צו סאָניע'ן): איך בין דיר מוחל.

וואָהלמאַן: איצט איז אַלץ שוין קלאָר.

גראַנדאָווסקי (האָט נאָך פֿריהער אַרויסגענומען פֿון טאַש אַ גרויסען אַפֿיש, פֿון וועלכען ער לעזט אַרוים) גרויסע אויסערגעוועהנליכע פֿאָרשטעלונג מיט פֿאָלגענדען פּראָגראַם: רייטען און פֿערד-דרעסירען, אַקראָבאַטען, גימנאַסטיק, אַטלעטען, קאָמיום, פּלאַסטיק, פּאַנטאָמימיק, מיט גאַנץ נייע איבערראַשענדע אַטראַקציעס. ערשטער אויפֿטריט פֿון דעם נייעם אַנגאַזשירטען קינסטלער (כאַפּט אָן אונבעמערקט שלומיאל'ן, וועלכער איז געשטאַנען נעבען איהם לינקס, און פֿיהרט איהם אַרוים ביי דער האַנד).

שלומיאל (ציטערט).

גראנדאמסקי (בעמערקט, שטופט איהם אב): פארדאן, (רעדט
מיסטער) פון נייעם אנגאזשירטען קינסטלער... (דאס זעלבע שפיל מיט
וואהלמאנ'ען) א אנטשולדיגט... (ווייזט אויף הערקולעס'ן)
פון ניי אנגאזשירטען קינסטלער ה' צעזאר פון צירק אין פעטער-
בורג, בעקאנט אונטער'ן נאמען דער ערשטער גימנאסטיקער און
הערקולעס פון דער וועלט.

הערקולעס (מאכט גימנאסטישע איבונגען).

פארהאנג.

